יאָסל בערגנער

# 59
# אילוסטראַציעס
צו
# אַלע פֿאָלקסטימלעכע געשיכטן
פֿון
## יצחק לייבוש פּרץ

אַריינפֿירווערטער
פֿון:

שמואל ניגער     י. י. סיגאַל

פֿאַרלאַג פֿון הערץ און עדעלשטיין

מאָנטרעאל     27     1950

Dedicated to the memory
of my Teachers and Friends
from the Jewish Folk Schools in Warsaw,
who were killed in the Ghettos,
Concentration Camps, and in the Resistance.

געהייליקט דעם אָנדענק
פון מיינע לערערס, חברים און חברטעס
פון די יידישע פֿאָלקס־שולעס אין וואַרשע,
וואָס זענען אומגעקומען
אין די געטאָס, קאַצעטן און אין אויפשטאַנד

איך דערמאָן מיט טיפסטער פֿאַרערונג
מיין וועגווייזער דעם שרייבער
פּינחס גאָלדהאר ז״ל.

אַ דאַנק פֿאַר אומדערמידלעכער מיטהילף
מיינע פריינט: דעם פּאָעט יאָסל בירשטיין
און יעזשיק סקורניק.

I remember with deepest reverence
my teacher, the writer P. Goldhar
who died in Melbourne, 1947.

My warmest gratitude to
my friends, the poet Yossel Birsztein,
and George Skurnik, for their
untiring help.

# אן אריינפיר

פון ש. ניגער

יאָסל בערגנער בעט מיך אָנצושרייבן אַ פּאָר ווערטער, ווי אַן אריינפיר צו דעם אַלבאָם פון זיינע זעכציק צייכענונגען און בילדער, וואָס זענען אַלע אינספּירירט און אָנגעוויזט פון י. ל. פּרצ׳ס פ אָ ל ק ס ט י מ ל ע כ ע (און אַנדערע) געשיכטן. ער וואָלט מיט זיין בקשה געדאַרפט זיך בעסער ווענדן צו אַ קונסט־קענער, וואָס וואָלט געווען בכוח אָפּצושאַצן און דעפינירן די אייגנאַרטיקייט פון זיין קינסטלערישער טעכניק. אָבער דאָס זענען דאָך ניט סתם אַזוי צייכענונגען, נאָר אילוסטראַציעס צו איינער פון אונדזערע שענסטע און יידישסטע וואָרט־שאַפונגען, און יאָסל בערגנער איז אַ קינסטלער, וואָס גייט און וויל גיין אין פּרצ׳ס וועגן — זעען די וועלט „מיט יידישע אויגן״, — וועל איך זיך פאַרגונען אָנצושרייבן עטלעכע שורות וועגן יידישער קונסט בכלל און יאָסל בערגנערס אילוסטראַציעס בפרט . . .

איז דאָ אַזאַ זאַך ווי יידישע קונסט? איז מעגלעך צו רעדן וועגן יידישן מהות, אָדער יידישע מעטאָדן אין מאָלן? וואָלט מען געקאָנט אויסזוכן פּרעפּאַרירטע יידישע קאָלירן, אָדער יידישע קאָמבינאַציעס פון פאַרבן? האָבן יידישע צייכנערס זייער אייגענע ליניע? דאָס זענען אַלץ פראַגן, וואָס קאָנען דערווייל נאָר געשטעלט, אָבער נישט פאַרענטפערט ווערן. דאָך בין איך זיכער, אַז ווי ווייט קונסט איז, פריער ווי אַלץ, אַזאַ אָדער אַן אנדער אויסדרוק פון אינעווייניקסטער, אינדיווידועלער און קאָלעקטיווער, דערפאַרונג און ווי ווייט יידן, ווי יחידים און ווי אַ פאָלק, האָבן זייער אייגענע אַקומולירטע לעבנסדערפאַרונג, — און ממילא אויך זייער אייגענע פאַרטראַכטקייט און זייער אייגענעם טרויער אין די אויגן, זייערע אן אייגענע מידע קלוגשאַפט אין דעם שמייכל פון די ליפּן, און די קנייטשן ארום מויל און ענלעכע גייסטיקע און קערפּערלעכע אייגנשאַפטן, ווי ווייט דאָס איז אַזוי, איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז מען זאָל אין די צייכנס, אין די לינעארע בייגונגען, אין דער קאָמפּאָזיציע, און דעם גאַנצן ליכט־און שאָטן־שפּיל פון אַ טאַלענטירטן יידנס א בילד, אָדער אַ צייכענונג זעען עפּעס אַזוינס, וואָס איז באמת טאַקע אוניווערסאַלער אינהאַלט אין יידישער פאָרם, ד. ה. די וועלט געזען מיט די אויגן און דורך דער פּריזמע פון דור־דורותדיקער יידישער לעבנס־דערפאַרונג . . . אָט קוק איך אויף בערגנערס מאָדערנער, ווייט ניט קיין רעאַליסטישער, גראַפיק — און זע אין די לייכט־אָנגעוואָרפענע, אָנגעפינטלטע ליניעס פון די פּנימער, די אויגן, די מיילער, די הענט, די קאָפּ־נייגונגען — טיף־יידישע רוחניותדיקע — רעאַליטעטן.

איך זע עס און טראַכט: נשמה־ווירקלעכקייטן נויטיקן זיך ניט אין די מיטלען פון עפּעס אַ דרויסנדיקן רעאַליזם. צו פּסיכישע טראַדיציעס קאָן אפשר דווקא נישט קיין טראַדיציאָנעלע קונסט געפינען אַ שליסל . . . איך באַנעם עס — און טראַכט: בלויז אַ קינסטלער, וואָס אַ יידישער קאָפּ איז פאַר אים מער ווי אַ באָרד מיט פּאותן, בלויז אַ קינסטלער, וואָס איז אַריינ־געדרונגען טיף אינעווייניק אין יידישע מוחות און הערצער, און וואָס ווייסט דעם סוד פון אונדזער פאָלקס צער און זיין שמייכל און זיין עקשנותדיקן גלויבן און זיין קלאַמערן זיך אָן לעבן און זיין זעלטענער רוחניותדיקייט — האָט אונדז געקאָנט געבן אָט די אַלע פיגורן און גרופּעס פיגורן, וואָס זענען אַזוי ווי ניט פון דער וועלט — און דאָך לעבנספול . . . כ׳קוק אויף זיי — און טראַכט: ווי וואָלט זיך פּרץ געפרייט, ווען ער זאָל האָבן געזען אָט די אָריגי־נעלע איבערזעצונג פון זיינע פאָלקסטימלעכע געשיכטן אויף דער שפּראַך פון גראַפישער קונסט. ער האָט געוואָלט זיין אַ „דיכטער״, ניט קיין „קינסטלער״; דאָך האָט דווקא ער געזוכט פאַר זיין דיכטונג אַ תיקון אין דער שאַפונג פון יידישע מאָלערס און צייכענערס.

און אויב יאָסל בערגנער האָט כאָטש איין ניצוץ פון פּרצעס דיכטערישער נשמה געגעבן אַ קונסט־תיקון, איז עס זייער אַ גרויסע זכיה, און כ׳ווינטש דעם יונגען יידישן מאָלער און גראַפיקער, אַז ער זאָל אויך זוכה זיין צו זען זיינע צייכנונגען געדרוקט אינאיינעם מיט פּרצ׳ס פאָלקסטימלעכע געשיכטן.

ברוקלין, ערב יום כיפור תש״י.

# דער ניגון מיטן פענדזל

פון י. י. סיגאל

איך האָב דורכגעשפּאַצירט פאַרביי די ווענט מיט יאָסל בערגנערס בילדער כמעט יעדן טאָג פון דער אויסשטעלונג און איטלעך מאָל, ווען איך בין אַוועקגעגאַנגען מיטן לעצן „מנין" באַזוכער, האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז שפּעט ביינאַכט, ווען דער זאַל איז שוין סגור ומסוגר אויף אַלע זיינע טויערן און קיין לאַמפּן־שטראַל פון גאַס אַפילו פאַרבלאָנדזשעט נישט אַהער דורך אַ פענסטער, דערהערט די נאַכטיקע שטילקייט פון דעם אַרבעטער־רינג הויז אַ פאַמעליך־איינגעהאַלטענעם גאַנג פון טריט אויף די שטום־נאַכטיקע טרעפּ וואָס פירט אין זאַל ווו די בילדער הענגען. דערנאָך דערהערט זיך אַ שטיל־שטיל אויפשליסן די ברייטע טיר פון זאַל און ווי נאָר די טיר עפנט זיך אויף, צינדט זיך אָן אין אַ ווינקל זאַל, נישט קיין עלעקטריש לעמפּל נאָר אַ לאַמטערנע־לאָמפּ אויף עפּעס אַ דינעם, קרומען סלופּ און דאָס ליכט וואָס גייט פון דעמדאָזיקן לאָמפּ איז נישט קיין שאַרפס, נישט קיין רווישיקס נאָר אַ בלוימילד און אַ פרימאָרגנדיקס. קיינער איז אין זאַל נישטאָ נאָר אויף איינעם פון די זייטיקע שטולן זיצט אַ מענטש אין אַ טונקעלן מלבוש מיט אַ ברייטראַנדיקן שוואַרצן הוט וואָס שאַרפט זיך זייער בולט אַרויס אין דעם שטילן בלוי־רואיקן ליכט פון דעם זאַל. דאָס איז י. ל. פרץ אַליין געקומען זען אָדער הערן ווי אַ יידישער יונגער מאָלער שפּילט אויס דעם ניגון פון זיינע ווערק מיט זיין פאַרביקן פענדזל.

מיטן דאָזיקן בילד פאַרן דמיון בין איך איטלעך מאָל אַוועקגעגאַנגען פון יאָסל בערגנערס בילדער־אויסשטעלונג און וואָס אַמאָל איז ביי מיר דער איינדרוק פאַרשטאַרקטער און פאַרשאַרפטער געוואָרן אַז דער יונגער מאָלער איז אונדז געקומען געבן זיין פירוש אויף פרץ'עס ווערק, זיין פירוש־הבילדער, פירוש הפאַרבן אָדער זיין ביאור־הציורים אויף די יידישע אידייען און יידישע פאַרשוינען וואָס אונדזער קלאַסיקער האָט פאַר זיך קינסטלעריש אָנטפּלעקט און אין זיי דערהערט דעם ניגון פון זיין דיכטערישער שליחות.

יאָסל בערגנער אַנטפּלעקט נישט פאַר זיך די מענטשן פון פרץ'עס פאָלקסטימליכע געשיכטן דאָס ערשטע מאָל. זיי זיינען פאַר אים נישט בלויז קיין ליטעראַרישע באַגעגענישן מיט וועלכע ער האָט זיך געטראָפן אין דער אָדער אַן אַנדער מעשה פון פרץ'ס ווערק. ער האָט זיי דערקענט דאָרטן צום צווייטן אָדער צום צענטן מאָל. קאָנען קאָן ער זיי שוין פון פריער. ער האָט זיי געזען יעדן טאָג אין די וואַרשעווער גאַסן, האָט געהערט זייערע קולות, האָט געזען זייערע געשטאַלטן, האָט זיך גוט איינגעקוקט אין זייער הולך, און זייערע תנועות און גרימאַסעס; ער האָט זיי געזען אונטערן האָרב פון זייער גורל, וואָס האָט תמיד מיט זיך מיטגעטראָגן עפּעס געהיים־אומהיימלעכס און מיסטישס. נאָר אין איינציקע שטריכן דערשפּירן מיר אין אַ פּנים אַ פונק פון דעם דאָזיקן געהיימזעערישן ליכט. בערגנער האַלט נאָך אָדער האַלט ערשט אין דערקענען זיינע געשטאַלטן רעאַליסטיש. ער לערנט נאָך דעם בראַשית פון זייערע פנימער און פאַרטיפט זיך אין זיין אַרבעט אין די פאַרבאָרגענע קנייטשן אין וועלכע עס באַהאַלט זיך און האַלט־זיך־אויף דער אייביק־אַלטער און אייביק־יונגער סוד פון זייער לעבן. איך האָב דערפאַר דאָס געפיל אַז ער וועט זיך נאָך אפשר אומקערן צו איין אָדער אַ צווייט געשטאַלט פון די פרץ־מאָטיוון. אַ סך מאָלער האָבן זיך אַפילו זייער גאַנץ לעבן נישט געקאָנט שיידן אויף לאַנג מיט זייער אַ פיגור אָדער לאַנדשאַפט און מיט זייער ניי־באַהאַנדלען דאָס ווערק, האָבן זיי זיך גופא קינסטלעריש אָפּגעפרישט און באַנייט.

שווער צו זאָגן צו וואָס פאַר אַ נייע מאָטיוון און געשטאַלטן דער מאָלער יאָסל בערגנער וועט זיך ווייטער נעמען. עס זעט אָבער אויס אַז פרץ'עס שאַפן האָט אין אים אָנגעשטימט אַ טאָן נאָך וועלכן ער וועט ווייטער נאָכגיין. אים איז נאָענט דאָס פאָלקסטימלעכע, דאָס פאָלקיש־

עמכ׳דיקע און ער האָט אַ שטאַרקע נטיה אַרויסצוברענגען גראָד יענע האַרבערע, שווערערע און דיקערע שטריכן אין אַ יידיש פּנים וואָס ווייזן די פאַרהאַרטעוועטקייט פון יסורים און זאָרג וואָס זיינען געצוימט געוואָרן ווי מיט פּענטעס, מיט שטריק. אין אָט־דעם צוגאַנג איז פאַראַן אַ געוויסע אָפּווענדונג פון פּרצ׳עס אידעאַליזירונגען. בערגנער דערלויבט זיך צוריק נאַטוראַליזירן דאָס אידעאַליזירטע. עס איז אַ געוואַגטער פאַרמעסט און שטעלט אַוועק דעם קינסטלער פאַר גאָר אַ שווערן נסיון און שווערער אַרבעט. און דעם ווען אַריבערגיין פון דעם אידעאַליזירטן צום נאַטוראַליסטישן פאַלט יאָסל בערגנער אָפּט אַריין אין גראָטעסק, אין אַ געוויסער איבערטרייבונג. דאָס אַטמאָספערישע, דער ספּעציפישער אַרום, אין וועלכן ער שטעלט אַוועק דאָס געשטאַלט האַלט אָבער גאַנץ דעם ערנסט און דעם גלייכגעוויכט פון דער קאָמפּאָזיציע.

דער איינדרוק מיינער, וואָס איך גיב דאָ איבער, איז אפשר מער אַ דיכטעריש־עסייאיסטישער ווי אַ מאַלערישער. איך האַלט אָבער אַז אַלע 7 קונסטן שטאַמען פון איין שטאָם און פון איין בלוט און פאַרב. וואָרט און קלאַנג פאַרשטייען זיך זייער קלאָר אַפילו דעמאָלט ווען זיי רעדן אויף זייערע באַזונדערע און פאַרבאָרגענע רמזים. איך האַלט אויך אַז עס איז זייער געזונט פאַר זיי אַלע ווען זיי שטרענגען זיך אָן זיך טיפער צו פאַרשטיין און באַנעמען. אין דעם טאַלאַנטפולן יאָסל בערגנערס קונסטלערישער אַרבעט פילט זיך שטאַרק דערדאָזיקער באַוווסטזיניקער ווילן. י. י. סיגאל

# זוכצעטל צו די פאָלקסטימלעכע געשיכטן

## און די אילוסטרירטע טעקסטן

1. א קאפיטל תהילים . . . . . אַן אַנדערע מחנה שוואלבן קומט אָן. און אונטן אין שול אין אַ ווינקל ביים בעלעמער שטייט יוחנן וואַסערטרעגער און זאָגט תהילים.

2. צווישן צוויי בערג . . . . מען דאַרף מנחה דאַווענען! — האָט פּלוצלונג דער בריסקער רב אַרויסגעזאָגט שאַרף; און אַלץ איז פאַרשוואונדן געוואָרן . . .

3. צווישן צוויי בערג . . . . דער בריסקער רב שווייגט, גלייך ער פאַרשטייט נישט, וואָס מען רעדט צו אים . . .

4. אויב נישט נאָך העכער . דער רבי האַלט זיך אַלץ אין די זייטן פון די גאסן, אין די שאָטנס פון די הייזער . . . פון איין הויז צום אַנדערן שווימט ער אַרויס און דער ליטוואַק נאָך אים.

5. צוויי וועגן — צוויי משלים. און ער איז געלאָפן אַ פּאַרבלוטיקטער צום מלך אין געצעלט אריין און מיט שמחה און מיט גרויסן התלהבות א געשריי געטון: נא דיר, גרויסער קעניג, וואַסער!

6. באַנציע שווייג . . . . . . ווען נישט דאָס מענטשלעכע גערודער וואָלט אפשר עמיצער אמאָל דערהערט ווי באַנציעס מארכביין האָט אונטער דער לאַסט געקנאַקט.

7. באַנציע שווייג . . . . . . וואָלט די וועלט צייט געהאַט, וואָלט עמיצער אפשר אַמאָל באַמערקט, אַז באַנציע (אויך אַ מענטש) האָט לעבעדיקערהייט צוויי אויסגעלאָשענע אויגן אין שרעקלעך איינגעפאלענע באַקן.

8. באַנציע שווייג . . . . . . נו, אויב אזוי — שמייכלט באַנציע — וויל איך טאַקע אַלע טאָג אין דער פרי, אַ הייסע בולקע מיט פרישער פוטער.

9. דריי מתנות . . . . . . . . , די עבירות האָבן גלייך געווויגן מיט די מצות.

10. דער קאַלאַניסט . . . . . . . אין יעדן דור האָט איינער געוווסט פון בריליאַנט און די רעשט האָבן געגלויבט, אַז קיזל־שטיינער זענען מזלדיק; אַז וואָס מער, איז בעסער, און האָבן שטיינער געלייגט.

11. נסים אויפן ים . . . . . . , און ווי סאַטיע דרייט זיך איבער מיטן שיפל, קומען זיי צו, הויבן אים אויף נעמען אים צווישן זיך און גייען מיט אים אונטער די אָרעמס און טרעטן מיט אים איבער די כוואַליעס.

12. התגלות אָדער די מעשה מיטן ציגנבאָק . . . . . . מאַכט זיך אָבער אַז אַ ייד טרעפט אויפן ציגנבאָק, גראַד פאַר־בייגייענדיק דער חורבה בעט ער: — בכור, צי נישט בכור האָסט אַזויפיל האָרן, שענק מיר דערפון אַ שטיקל אויף אַ פּושקעלע: . . . קאָן ער נישט אָפּזאָגן.

13. מסירת נפש . . . . . . . . שטייט דער חתן אונטער דער חופה אין לייוונטענע קליידער, מיט אַ האַנפּענעם שטריק אויף די לענדן און מיט אַ וואלדשטעקן אין דער האַנט.

14. ביים גוסס צו קאַפּנס . . . פאַרציטערט בלייבט דער ווייסער מלאך און פאַרשטעלט זיך דאָס פּנים מיט דער ערשטער פּאָר פליגל.

15. דריי קיכלעך, אָדער דער דין־תורה מיטן ווינט . . . וואָס האָט גאָט פון איר געוואָלט, וואָס האָט גאָט מיט איר, דער אלמנה, געטאָן?

16. אן אָפּקומעניש . . . . . . רבותי, — שטאַמלט ער מיט אַ גרויס געבעט — אַז עס האָט דאָס האַרץ געשניטן, — רבותי, איך בין קיין נואף נישט.

17. אראָפּגעלאָזטע אויגן . . . צוויי מיידלעך האָט ער, מאַכט ער זיך אַ קניפּל אויף נדן, פריער פאַר דער עלטערער דערנאָך פאַר דער יינגערער.

18. אראָפּגעלאָזטע אויגן . . . צוויי מיידלעך האָט ער, מאכט ער זיך אַ קניפּל אויף נדן, פריער פאַר דער עלטערער, דערנאָך פאַר דער יינגערער.

19. פּדיון שבוים . . . . . . . . וואָס דען, יאסני פּאַניע, וואָס דען? און דאָס האַרץ ביי צמחן קלאַפּט, ווי ביי א גזלן.

20. זיבן גוטע יאָר . . . . . . . זעט ער פאַר זיך אַ דייטשל, אָנגעטון ווי אַ שיסער אין וואַלד, מיט אַ פעדער אויפן קאַפּעליטש.

21. די תאווה צו קליידער . . . און נעמט צו, מכלומרשט פאַר רחמנות, אַן אָרעמע, יונגע יתומה.

22. שמחה שבשמחה . . . . . . צוויי משחיתים, מיט אַ פּאַק אויף די אַקסל, קומען אריין, געבויגן פון דער משא.

23. לא תחמוד . . . . . . . . . און דאָס הויקערל זיצט און קוקט מיט א בייז אויג פון אַ זייט און שמייכלט מיט די דינע ליפּעלעך.

24. ס'אי גוט . . . . . . . . . . דיין רבינס תורה וועט מען דיר אַרויסשלאָגן פון קאָפּ, וועסט טאַטע—מאַמע פאַרגעסן — זע אָבער, בלייב ביי דיין נאָמען! דו הייסט יידעלע, בלייב אַ ייד!

25. דער הינטישער סדר . . . עבדים היינו — האַו, האַו! לפרעה במצרים — האַו, האַו! און אזוי ווייטער . . . כל דכפין — האַו, האַו! ייתי ויכול — האַו, האַו!

26. בערל דער שניידער . . . — האָסט עפּיס אַ טענה?
זאָגט ער: אוודאי!
— צו וועמען?
צום רבונו של עולם! זאָגט ער.
דער עולם ארום וואָלט דעם שניידערוק צעריסן.

27. א גאַנץ יאָר שיכור, פּורים ניכטער . . . . . . . און זי ציט אים, ער זאָל מיט איר גיין, אהין צום קריס־טאָלענעם פּאַלאַץ . . .

28. דער שפּילער . . . . . . . . דער עיקר איז ביי רב אברהמלען פּורים . . . אַ פּורים־שפּילער איז ער פאַר אָרעמע לייט . . .

29. נישט גוט . . . . . . . . . . פּאַנטאָפל וואָלט איך אויסגעטרונקען, שטיוול, פּויערישע וואַסער־שטיוול.

30. דריי חופּות . . . . . . . . . און פון אַנשטעל איז אַן אמת געוואָרן! דער מלך מיט דער בת מלכּה זענען אמתע שמאַטע־קלויבער געוואָרן.

31. איבער א שמעק טאַבעק . . ער זיצט שוין אונטערן ביימל! כאַפּט ארויס פון בוזים דאָס קאָרענע פּושקעלע, עס ציטערן אים אזש די הענט —

32. די קללה . . . . . . . . . . מיין אסתר המלכּה זינגט, נאָר נישט אויף אַ קול.

33. דער כעלעמער מלמד . . . עס באַווייזן זיך נשים; גבאיטעס, פּראָסטע ווייבער, יינגע ווייבלעך און אזוי נקבות.

34. דער פּרוש מיטן בער . . און דער פּרוש גלעט מיט ליבשאַפט דעם בער.

35. אנטפלעקט . . . . . . . . . און עס צעטראָגט זיך אַ ריח פון א טשאָלנט ווי ביים גרעסטן גביר. אויף אַלע יידן געזאָגט אַזאַ טשאָלנט . . .

36. כּיבוד אב . . . . . . . . . . ער הויבט זיך שווער אויף, ער זעצט זיך אויף אַ בענקל, ער וועט וואַרטן ביז טאָג, שיקן דעם ערשטן פויער, וואָס וועט זיך באַווייזן צוריק אין דאָרף אַריין נאָך אַן אָפּשפּרעכער.

37. כּיבוד אב . . . . . . . . . . נעמט איינער און אַ צווייטער אַרויס אַ פלעשל פון בוזעם גיט מען איין זופּ, אַ צווייטן, און מען טראָגט ווייטער . . . איז אָן אַ קישעלע, אָן אַ שוואַרצער דעק, צו קבר ישראל וועט ער קומען.

38. מלווה מלכּה . . . . . . . . שטרעקט ער אויס אַ האַנט, און כאַפּט, איידער דער טיש ווערט איינגעזונקען, אַ פירה פון טעלער אראָפּ, מאַכט בורא פּרי העץ.

39. דאָס פּאַרטעך . . . . . . . . הייבט מען אָן זינגען . . . געפינט זיך שוין ביי איינעם אַ פייפערל, ביים צווייטן אַ פידעלע הייבט מען אָן שפּילן, נעמט מען אַ קאָפּ, מאַכט מען אַ טענצל . . . ווערט — הו — הא!

40. דאָס פּאַרטעך . . . . . . . . צעשיטן זיך די האָר איבער האַלז און נאַקן און עס פלאַמען איר, ווי די שוואַרצע קוילן די אויגן אויף.

41. דער אוצר . . . . . . . . . פלוצלונג אָבער דערזעט ער, אַז דאָס אייגענע פלעמל וואָס ער האָט געלאָזט הינטער זיך, איז אים צוריק אויסגעקומען פון פאָרנט און עס רוקט זיך פאַר אים גאַנץ פּאַמעלעך צום שטעטל, צום שטעטל . . .

42. דאָס גלעזל . . . . . . . . . און אַזוי ווי ער שלייפט, הייבט אָן אונטער די הענט דאָס גלעזל צו פינקלען, צו גלאַנצן . . . א כּישוף: עס שפּריצט כּל המיני פונקען, עס שטראַלט; ער אַליין גאַפט.

43. דער דראַנג . . . . . . . . . און דער גוי לויפט אהיים, כאַפּט אַ פּאָר עופות — אַ הון מיט אַ האָן.

44. רב יוחנן גבאי . . . . . . . איך בין הונגעריק און עס איז מיר שרעקלעך קאַלט . . . פרעג איך דיך, רבונו של עולם, ווער באַדאַרף גיכער האָבן דאָס בית המדרש, דו אָדער איך?

| | |
|---|---|
| 45 ווי אזוי א פרוש איז געוואָרן אויס פרוש | — מער! מער! לעכצט דער פרוש מיט פאַרברענטע ליפּן. |
| 46. דער פאַרשאָלטענער ברונעם | און אַז איך דערמאָן, מיך, שטיי איך שוין פּנים אל פּנים צום ברונעם — — אַ צאַפּ אפילו נישט קיין פּראָסטער צאַפּ — אַ בכור, פאָרט נישט קיין מענטש. |
| 47. דער פאַרשאָלטענער ברונעם | אוי, דער בכור נעבעך, האָט אויסגעזען! . . . צעבראָכענע הענט, צעבראָכענע פיס, אין די זייטן לעכער — אוי! און ר׳ אַליעזר, פארשטעלט זיך דעם פּנים מיט די הענט. |
| 48. א חלום פון א ליטווישן מלמד | ווו האָסטו דיין שאָטן אהינגעטאָן, ליטוואק? חייב מיתה ביזטו געוואָרן, וועסט דאָס יאָר נישט אויסלעבן! וואר — וואר! |
| 49. אויף דער פרישער לופט | — קויף עפּיס יונג ווייבעלע — — — זי זעט אים נישט, זי הערט אים נישט . . . — קויף עפּיס מאמעלע! |
| 50. מאָטל פּרינץ | און זיי נעמען אים אין דער מיט אריין און מען פליט. |
| 51. דער בעל שם פירט אויס אַ שידוך | שטעלט זיך אויף דער בעל שם: — שלום עליכם, אברם. און דעלאנגט דעם דייטש די האַנט. |
| 52. שמע ישראל אָדער דער באַס | נאָר אין דער שטילקייט הערט זיך: בו, בו, בו ה ה . . . אין אברהמל שפּילט ווייטער. |
| 53. שמע ישראל אָדער דער באַס | מלאכים משוררים זיצען, און אַלע שפּילן איין ניגון און אברהמל באַס פּאַסט צו צום ניגון, שווימט מיט אין זמר פון דער ליכטיקייט . . . |
| 54. דער זיווג אָדער שרה בת טובים | די יתומהשע נשמה האָט זיך צו עפּיס פאַרבענקט. |
| 55. דער אַרענדאַר | ווארגן וועל איך דיך פייגעלע! וואַרפן פאַר מיין הונט! |
| 56. דער אַרענדאר | פליט גראָד אַ פייגעלע נידעריק פאָרביי, מאַכט אַ ראָד ארום זיין קאָפּ. |
| 57. דרשה געשאַנק | חתן כלה שטייען שוין אונטער דער הופה. דער בעל שם איז שוין מסדר קידושין. |
| 58. דער קונצנמאַכער | איז אָבער די שאלה: פאַרוואָס איז ער אַליין אַזאַ גרויסער קבצן? אַ מענטש שאַרט רענדלעך פון דער פאָדעשווע, און האָט נישט מיט וואָס צו באַצאָלן פאַר דער אכסניא. |
| 59. נעילה אין גיהנם | ער זאָגט, דער עולם נאָך, און מיט האַרץ, מיטן גאַנצן האַרץ. און די לייבער, וואָס ווייטער אין דער תפילה, היילן זיך, ווערן גאַנץ, פליישן באהעפטן זיך, הויטן וואקסן צוזאַמען, און אויס־געלייטערט ווערן זיי . . . אַלע, וויביים לעבן, האָט ער צו תשובה געברענגט, ער אליין האָט קיין רעכטע תשובה נישט געקענט טון. |

| | |
|---|---|
| 48. The Dream of a Lithuanian Melamed | What did you do with your shadow, Litvack? You won't live till the end of the year — woof, woof! |
| 49. On Holiday ........ | Buy something, young lady! — She doesn't hear him, she doesn't see him — Buy something, little mother. |
| 50. Mottel the Prince... | And they take him between them, and fly up... |
| 51. The Bal Shem Makes a Match .... | The Bal Shem stands up and offers him his hand: Sholem Aleichem, Abraham! |
| 52. The Bass Viol ..... | But in the quietness one could hear: Boo — boo — boo... Only Avreml played on. |
| 53. The Bass Viol ..... | A choir of angels is sitting, and all are singing one song. Avreml the Bass harmonizes and flows along with the brightness of the melody. |
| 54. Sarah Bat Tovim .. | The orphan's soul craved for something... |
| 55. The Lease-Holder.. | I'll choke you, little bird, I'll throw you to my dog! |
| 56. The Lease-Holder .. | A little bird flew past him and made a circle round his head. |
| 57. Wedding Present .. | The bride and bridegroom stand under the canopy, with the Bal Shem carrying out the ceremony. |
| 58. The Magician ...... | One thing kept the people puzzled: why was he so poverty-stricken himself? Here was a man extracting ducats from the sole of his shoe, and yet he could not pay for his room. |
| 59. The Closing Prayer in Hell ............ | He recites, the crowd repeats wholeheartedly and the bodies heal themselves, knit themselves together and become purified. He makes them all repent, but for himself he could never ask forgiveness. |

| | |
|---|---|
| 31. Because of a Pinch of Snuff ..... | Now he sits under the tree. He pulls out from his bosom his snuff-box of bark, and his hands are trembling. |
| 32. The Curse ......... | My Esther, my queen is singing, but not aloud. |
| 33. The Melamed from Chelem ........... | Women appear — deaconesses, simple wives, young women and other females... |
| 34. The Recluse and the Bear .......... | And the recluse strokes the bear fondly. |
| 35. Revealed .......... | And a smell of good cholent spreads, as in the richest home. O, that every Jew should have such a cholent! |
| 36. Honor Thy Father.. | He gets up heavily, and sits down on a bench. He will wait there until daybreak. |
| 37. Honor Thy Father.. | First one, then another takes a flask from his bosom; takes one sip then a second, and they carry the corpse further. |
| 38. Farewell to Sabbath | He stretches out his hand, takes an apple and says a blessing before the table disappears. |
| 39. The Apron ........ | They start to sing; they find among them, one with a whistle, another with a fiddle, so they begin playing. Then they take a drink, they dance — and things become gay. |
| 40. The Apron ........ | Her hair falls over her shoulders, and her eyes glow like black coals... |
| 41. The Treasure ...... | The little flame runs before, moving towards his town... |
| 42. A Piece of Glass... | As he polishes the piece of glass it begins to sparkle and shine like a diamond. |
| 43. The Wooden Pole.. | He runs home and grabs a couple of fowls — a hen and a rooster. |
| 44. Rabbi Yochanan the Gabbai ........ | It's terribly cold and I am hungry. I ask you, God, who has more need of this Synagogue — you or I? |
| 45. The Temptations of a Recluse ....... | More, more, — cries the recluse eagerly, with burning lips. |
| 46. The Bewitched Well .............. | Suddenly I realize that I am at the well — face to face with the goat! |
| 47. The Bewitched Well .............. | O, how pitiful the goat looked!... Broken arms, broken legs and there were holes in his sides — Reb Eliezer covered his face with his hands. |

13. Self-Sacrifice ...... The groom stood under the canopy, in linen clothes with a hempen rope about his loins, and a staff in his hand.

14. Beside the Dying .. The White Angel stood trembling and covered his face with his first pair of wings.

15. The Three Little Cakes ............. What did God want of her? What had God done to her — a widow?

16. Penance .......... Listen — he stammered beseechingly — I am not an adulterer!

17. The Downcast Eyes .............. He has two girls, so he puts money aside as a dowry — first for the older and then for the younger.

18. The Downcast Eyes .............. He has two girls, so he puts money aside as a dowry — first for the older and then for the younger.

19. Ransom .......... How else, my lord, how else? And Tzemach's heart beats like a robber's...

20. Seven Years of Plenty ............ He saw a German dressed like a hunter, and wearing a hat with a feather.

21. The Craving for Clothes ........... Seemingly out of pity, she takes home a poor little orphan.

22. Joy of Joys ........ Two evil spirits with a pack on their shoulders, enter, bowed under the weight.

23. Thou Shalt not Covet ............. And the hunchback sits and glares angrily, and sneers with his thin lips.

24. All's Well ......... Your Rabbi's Torah will be beaten out of your head, you will forget your father and mother — but remember your name — you are called Yiddele, remain a Jew.

25. The Doggish Seder ............. We were slaves — woof, woof — to Pharaoh in Egypt — woof, woof...

26. Berl the Tailor .... Have you any complaints? says he. — Of course — To whom? — To God, says he. The crowd wanted to tear him apart.

27. Drunk all Year and Sober on Purim .... And she pulls him to go with her into the crystal palace.

28. The Fiddler ....... To Avreml the most important day is Purim... Because then he plays for the poor people.

29. Not Good ......... Not only from slippers would I drink! Even from boots, even from peasants water-boots!

30. Three Weddings ... And the pretence became a truth. The king and the princess became rag-pickers.

# INDEX OF THE FOLK TALES, AND THE TEXTS ILLUSTRATED

---

that comes from tribulations and sorrows as confining as fetters.... In this approach there is some deviation from Peretz's idealism. Bergner has permitted himself to naturalize once more that which has been idealized. This is a daring challenge, and puts the artist inevitably in the position of proving himself. Because of his wish to escape idealism, the artist has often shown a tendency towards the grotesque and a certain exaggeration. The atmosphere and the specific environment against which he places his figures maintain consistantly the seriousness and the balance of the composition.

These impressions which I have presented here are perhaps literary rather than artistic. I believe, however, that all the seven arts have but one origin, are of one blood and dye. Word and sound and color understand one another. In the artistic works of the talented Yossel Bergner, we get a strong impression of his conscious attempt to bridge the gap between the arts.

**J. I. SEGAL**

Translations by Shivke Segal.

# The THEME IN THE BRUSH

by J. I. SEGAL.

I visited the exhibition of Yossel Bergner's paintings almost every day, and sometimes even twice, when it was shown in Montreal. Often as I left at closing time with the last "minian" of visitors, I had the feeling that when the doors were locked and bolted, and no glimmer of light from the street could enter into the dark and deserted hall, a slow, stealthy tread could be heard on the night-silent steps which lead to the room where the pictures hung. Quietly, quietly the massive doors parted. In a corner of the hall a light appeared, — not an electric lamp, but a lantern suspended from a thin pole and giving off a light not sharp or glaring but blue-mild and soft as the dawn. The room was deserted, but on a stool at the side sat a man in a dark cloak and a broad-brimmed hat, whose figure stood out in stark relief against the soft haze of the light. This was I. L. Peretz himself, who came to see and hear how a young Jewish artist interpreted the theme of his works with his many-colored brush.

Often I left the exhibition with this vision in my mind, and as time went on I had an increasingly acute impression that this young artist had come to us to give us a commentary on Peretz's works, a commentary of picture, of color. This is his graphic commentary upon the Jewish ideas and characters, through which our great classical writer revealed himself artistically and in which he heard the theme of his poetic message.

The people of Peretz's Folk Tales are not strangers to Yossel Bergner. They are not merely literary aquaintances whom he has come across casually in one or other of Peretz's works, but people whom he is recognizing for the second or even the tenth time. He has already known them long. He has seen them every day in the streets of Warsaw, he has heard their voices, he has seen their forms, and has carefully observed their gait, their facial modulation and grimaces; he has seen them under the tragic burden of their fate, which bears within it an element of secret horror and mysticism. In his manner of painting a face we see a spark of this visionary light. Bergner, however, still believes in conceiving his forms realistically. In these works he immerses himself in the "primer" of the Jewish face, in the folds of which he finds hidden and living, the eternally young-old secret of their lives. I have therefore the feeling that he will still return to one or another of the figures of the Peretz motifs. Many painters have in the course of their entire lives been unable to separate themselves for any length of time from a particular figure or landscape. With each new handling of this theme they have been able to refresh and renew themselves artistically.

It is difficult to foretell what motifs and forms will interest the artist Yossel Bergner in the future. It seems, however, that Peretz's work has struck a vital chord in his artistic soul, and I feel that he will continue creatively in this path. He has an affinity with folk-lore and earthiness. He has a strong urge to emphasize just those harsher, coarser characteristics of a Jewish face, which show the hardening

# AN INTRODUCTION

by S. NIGER

I have been asked to write a short introduction to Yossel Bergner's portfolio of illustrations, which were inspired and influenced by I. L. Peretz's folk tales and other stories. At first it would seem that this request would be better directed to an art connoisseur, who could evaluate and define the personal technique of the artist. But these are not ordinary drawings. They are illustrations to one of our masterpieces of Jewish literature, and Yossel Bergner is an artist who follows in the path which Peretz has set, and who "sees the world with Jewish eyes". Therefore I will take the liberty to write a few lines about Jewish art in general and about Yossel Bergner's illustrations in particular.

Is there such a thing as Jewish art? Is it possible to speak of a Jewish essence, or of Jewish methods of drawing? If we searched, could we find preparations of Jewish colors or Jewish color schemes? Do Jewish artists draw with different lines? These are merely questions which, for the present, can be asked and only tentatively answered. However, I am sure that art is primarily the expression of some innermost individual and collective experience. Individuals and nations have their own characteristic life experience, their own brooding, their own sorrow in their eyes, and their own tired wisdom showing in the smile on their lips and the lines around the mouth. Since art expresses the life experience of a group, it is possible to see in the lines, composition and the light and shade of a Jewish artist's work, something which is of a truly universal content, cast in a Jewish form. That is to say, the world is seen through the prism of the life experience of generations upon generations of Jews. Thus do I look at Bergner's modern, almost unrealistic graphic art and I see in the light, scattered lines on the faces, in the hands and the angles of the head, the deep Jewish pitiful reality.

I see it and I think: the realities of the spirit do not require the vehicle of an external realism. Perhaps it is this non-traditional art which will, paradoxieally enough, provide us with the key to our psychological traditions. I perceive it and I think: only an artist to whom a Jewish head has more significance than merely a beard and earlocks, only an artist who is immersed deep in the heart and mind of Jewry, and who knows our nation's grief, its smiles, its stubborn faith, its desperate grip on life, its rare spirituality, could give us such figures and groups which seem not of this world and yet wonderfully vital... I look at them and I think, how overjoyed Peretz would have been if he could have seen these original translations of his folk tales into the language of graphic art. He wanted to be a "poet", and not an "artist". In spite of this, it was he who sought an inner meaning for his writings in the works of the Jewish artists.

And if Yossel Bergner has been successful in capturing a spark of Peretz's artistic soul and giving it an artistic form, he is privileged.

I hope this young Jewish artist and draughtsman will have the experience of seeing his drawings printed as they were meant to be, together with the Peretz's Folk Tales.

געהייליקט דעם אָנדענק
פון מיינע לערערס, חברים און חברטעס
פון די יידישע פאָלקס־שולעס אין וואַרשע,
וואָס זענען אומגעקומען
אין די געטאָס, קאַצעטן און אין אויפשטאַנד

Dedicated to the memory
of my Teachers and Friends
from the Jewish Folk Schools in Warsaw,
who were killed in the Ghettos,
Concentration Camps, and in the Resistance.

I remember with deepest reverence
my teacher, the writer P. Goldhar
who died in Melbourne, 1947.

My warmest gratitude to
my friends, the poet Yossel Birsztein,
and George Skurnik, for their
untiring help.

איך דערמאָן מיט טיפסטער פאַרערונג
מיין וועגווייזער דעם שרייבער
פינחס גאָלדהאר ז״ל.

אַ דאַנק פאַר אומדערמידלעכער מיטהילף
מיינע פריינט: דעם פאָעט יאָסל בירשטיין
און יעזשיק סקורניק.

YOSSEL BERGNER

# 59
# ILLUSTRATIONS
TO
# ALL THE FOLK TALES
*of*
## ITZCHOK LEIBUSH PERETZ

INTRODUCTIONS
BY

S. NIGER J. I. SEGAL

PUBLISHED BY HERTZ & EDELSTEIN

MONTREAL  1950